Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 37

די אדרעסע פון דער רעדאקציע און אדמיניסטראציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפאן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע
# ארבייטער=צייטונג
ארגאן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי.
ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז:
יעהרליך: 4. קראנען.
האלביעהרליך: 2. קראנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראנע.

פרייז פון אנאנסען:
פיר יעדער שורה פעטיט אדער איהר פלאטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 15 grudnia 1905. נומר 37. קראקוי, 15 דעצעמבער 1905.

## גיט אונז דאס גלייכע, דירעקטע, געהיימע און אלגעמיינע וואהלרעכט!

## די רעוואלוציאן אין רוסלאנד.

די רעוואלוציאן אין רוסלאנד טרעט אריין אין א נייע פאזע. פון איין זייט פערטיעפט זי זיך אלץ מעהר: פון א ריין פאליטישע ווערט זי א סאציאלע; פון א הויפטזעכליך שטעדטישע געהט זי אריבער אויפ'ן דארף, די פויערים אונרוהען, וועלכע האבען אייגענטליך אין רוסלאנד קיינמאל ניט אויפגעהערט בעקומען איצט, ווען דער גאנצער שטאטליכער ארגאניזמוס איז אויפגעלעזט א ספעציעלע בעדייטונג. די רעוואלוציאן אין רוסלאנד קען מען מיט רעכט פערגלייכען צו א שרפה אין סטעפ: דער פייער פערשפרייט זיך אין אלע זייטען, ווייל איבעראל האט ער צינד מאטעריאל. און אזוי ווי דער פייער אין סטעפ בלייבט נישט שטעהען אין מיטען וועג אזוי קען שוין די היינטיגע רעוואלוציאן אין רוסלאנד נישט שטעהען בלייבען. מעגען אזעלכע מעסיגע ראדיקאלען ווי סטרואווע ברעכען די הענד און אויסרעכענען מיט ציפערן ווי פיעל די רוסישע בענק און פאבריקאנטען פערליערן טאג טעגליך; מעג דער געוועזענער גלח, נאכהער רעוואלוציאנער און איצט שוין ווידער רעאקציאנער, גאפאן רופען צו רוהע, דער פייער פון דער רעוואלוציאן אין רוסלאנד וועט זיך מיט דער גאנצער עלעמענטארער מאכט פערשפרייטען ווייטער. דאס האט שוין בעסער פערשטאנען די היינטיגע צארישע רעגירונג; זי האט פערשטאנען, אז קיינע האלבערגע רעפארמעס וועלען ניט העלפען, אז דא האנדעלט זיך נאר איינפאך אום איהר גאנצע עקזיסטענץ, אז פריהער אדער שפעטער וועט דער פייער דערגרייכען צום ווארצעל פון דעם היינטיגען פאליטישען און עקאנאמישען סיסטעם אין רוסלאנד: צום צאריזמוס, אהן אנ'אונטערשיעד צו ער וועט זיין א דעספאטישער אדער זאגאר א קאנסטיטוציאנעלער. די רעגירונג האט פערשטאנען די געפאהר און וויל זיך דעריבער ראטעווען. אנפאנגס מיט וויטטען, איצט מיט דער הילף פון דער רעאקציאן. די לעצטע דעפעשען האבען געבראכט ידיעות, אז די רעאקציאן האט ווידער אויפגעהויבען דעם קאפ, אז מען האט אין פעטערבורג ארעסטירט די ביורא פון „פערבאנד פון די פערבאנדען". אבער עס איז שוין צו שפעט. די רעאקציאן האט שוין ניט די אלטע מאכט, זי האט שוין ניט הינטער זיך דאס מיליטער, וועלכעס בונטעוועט זיך פאסט איבעראל.

* * *

### מיליטער בונטען אין ווארשא.

ענדליך האט די חוואליע פון אונצופריעדענהייט צווישען דעם מיליטער דערגרייכט אויך ווארשא, דארט וואו די בונטען זענען פיעלייכט אם נויטהינסטען, ווייל דארט איז דא א זעלבסטבעוואוסטער פראלעטאריאט, וועלכער וועט אויסנוטצען די שוואכקייט פון דער רעגירונג.

### מיליטער בונטען אין מאנדזשוריע.

וואס דארטען טהוט זיך איצט ווייס מען ניט גענוי, אבער דאס ווייס מען, אז דאס גאנצע מיליטער בונטעוועט זיך, אז עס ווערען געפיהרט פארמאלע מלחמות. עס איז זאגאר מעגליך, אז חינא וועט מוזען שיקען מיליטער איינצורעלען די אונרוהען. אזוי ניעדריג איז געפאלען די צארישע רעגירונג. דער גרעסטער שונא האט איהר מעהר ניט געוואונשען... די זעלנער פאדערן, מען זאל זיי צוריק ברענגען קיין רוסלאנד. די רעגירונג קען עס אבער אזוי לייכט ניט דורכפיהרען און נאך מעהר האט זי מורא פאר דעם מיליטער, וועלכעס איז ווי די בעריכטען ברענגען, דורכגעזייעט מיט רעוואלוציאנערע אידען.

### א סטרייק פון דער פאליציי אין ווארשא.

ווארשא, דעם 13־טען ד. מ. די פאליציי פון ערשטען צירק'ל האט געסטערן אנגעפאנגען צו סטרייקען.

## עס הערט מיט שרעק.

עס הערט מיט שרעק זיך איין דער וואלד
צום בייזען שטורם וועטער
„אה! שוידערהאפט וואס ער וויל נאך
א חוץ די מויטע בלעטער?!..."

„די גרינע געסטעליך צושטערט,
די פויגעל לאנג צוטריעבען;
וואס איז מיר דען פון זומערס פראכט
אין וואלד נאך דא געבליעבען?..."

* * *

עס רוישט דער ווילדער אסיען ווינד,
איהם לאזט דער כעס ניט שוויינען,
די בלעטער האט ער אבגעפליקט,
איצט ברעכט ער גאנצע צווייגען...

ה. רויזענבלאט. („די צוקונפט")

## דער געווערקשאפטס קאנגרעס.

א אויסער ארדענטליכער געווערקשאפטס־קאנגרעס האט יעצט שטאטגעפונדען אין ווין דעם 8 און 9 ד. מ. ער האט זיך בעשעפטיגט מיט דער מחלוקות צווישען די צענטראלע געווערקשאפטס־קאמיסיאן און די פראגער לאקאלע געווערקשאפטס־קאמיסיאן. עס האט זיך געהאנדעלט אים פאלגענדעס. אנפאנגס האט די פראגער געווערקשאפטס־קאמיסיאן געפאדערט דאס רעכט צו שיקען א סעקרעטער אויף די אינטערנאציאנאלע קאנפערענץ פון די געווערקשאפטליכע סעקרעטערע. די קאנפערענץ האט אבער געפסק'ענט, אז עס קענען זיין רעפרעזענטירט נור שטאטען אבער נישט נא־

שפראך איז לשון קודש? זיי אלע, הייסט עס, וועלען ניט בעלאנגען צו אונזער פאלק. און וואס וועלען טהון די רוסישע אינטעליגענטען, וואס פערשטעהען נור רוסיש? און וואס וועלען טהון מיליאנען רוסישע יודען, וואס וועלען זעהר גיך ווערען רוסישע בירגער און וועלען לערנען זייערע קינדער נאר אין דער רוסישער שפראך? איהר וועט גרינדען פיר זיי גימנאזיום און אוניווערזיטעטען, וואו דאס לערנען וועט געהן אין יודיש. לאז זיין עס איז מעגליך דאס אלעס אויסצופיהרען און עס איז כדאי. מיינט איהר ניט. אז די יודען וועלען אליין ניט וועלען צו זיין גראדואירט פון זשארגאנישע אוניווערזיטעטען? מיינט איהר, אז די יודישע קינדער וועלען ווארטען אויף אייערע זשארגאנישע קורריקולומס? די קינדער, די נייע יונגע דורות ווארטען ניט. זיי אינטערעסירען זיך זעהר ווענוג מיט די רעזולטאטען פון דער היינטיגער דעבאטע. הונדערט טויזענד קינדער אין אמעריקא אליין זענען שוין אויף אייביג פערלארען פיר דער יודישער שפראכע און פיר'ן יודישען פאלק. די עלטערע דורות זאגאר אמעריקאניזירען זיך, בייטען זייער געשטאלט און זייערע נעמען: זיי ראזירען זיך ווי יענקים, קליידען זיך ווי גוים, קייען טשוטשאבעקא און טיטולירען זיך מיט די נעמען: דזשעפערסאן, וואשינגטאן, מאקלאיאי, מאקפאראן, א. ז. וו. אין ניו הייווען האב איך א גוטען פריינד, וועלכען מען האט גערופען קארנעווסקי. ווען ער, אלס גרינער נאך, האט געקויפט א הויז, האט דער גוי ניט געקענט אויסלענען זיין נאמען און האט איהם געראטהען רופען זיך קאהן. איז ער, א ישראל, א פשוט'ער ישראל געווארען קאהן... זיינע זיהן האבען ניט געוואלט נעהמען א פרעמדען נאמען און האבען זיך פון קארנעווסקי געמאכט קאדען. איצט איז דער טאטע קאהן און די קינדער קאדענס. פרעגען דאך די גוים: ווי קומט עס? איז דער תירוץ, זיי זענען פון אין אנדער טאטען — איינענע קינדער זענען געווארען שטיפקינדער. דאס יודישע פאלק האט שוין הונדערטע טויזענדע שטיפקינדער, און איהר וועט זיי ניט קענען אומקעהרען צוריק צוליעב דעם זשארגאן. ווי ווייט מיר אלע זאלען ניט זיין פון רעליגיאן, מען זאל אונז בעפעהלען ווערען אוים יודען, וועלען מיר אלע געהן אין גלות און ניט ערניעדריגען זיך, ניט ווייל די געפיהלע פון הייליגען גלויבען, אדער די געפיהלע פון נאציאנאליזמוס וועלען אונז צווינגען דאס צו טאן, נאר דערפאר. ווייל דאס געפיהל פון א מענש וועט פראטעסטירען אין אונז. ווען אבער מען וועט אונז וועלען צווינגען צו ווערען א יודישע נאציאן אהן לאנד און אהן מאטעריאליסטישען געווינס, נאר צוליעב יודישען זשארגאן — וועלען די יודען אליין נאר לאכען דערפון. דער יוד האט יעצט ניט קיין נאציאנאלע שפראך און קען ניט האבען. א פראנצויז קען בייטען זיין רעליגיאן ווי ער וויל, ער בלייבט פראנצויז. ווען א יוד שמד'ט זיך אבער און מען פרעגט איהם, איז ער א יוד, זאגט ער: ניין! וואוהין־זשע איז אהינגעקומען זיין נאציאנאליטעט?

דער יוד איז צופיעל אריינגעמישט אין דער אינטערנאציאנאלער וועלט. ער האט אויפגענומען צו פיעל לשונות, ער איז געווארען דורך זיין היסטארישען לעבען צו פיעל קאסמאפאליטיש. ער האט געקריגען צו פיעל סימפאטהיע צו העכערע אוניווערסאלע אידעען, עס זאל יעצט מעגליך זיין צו מאכען פון איהם א נאציאנאליסט. דער מאסען־יוד געהט בלינדערהייט וואוהין די סיסטעם פון דעם אלגעמיינעם סאציאלען לעבען פיהרט איהם, און דער דענקענדער יוד איז שוין לאנג אריבערגעוואקסען איבער די אייגנע, קליינליכע נאציאנאלע דברים בטלים. דער יוד דענקט צו טיעף און ברייט, ער זאל זיך קענען בעגנוגען מיט שמאלע, פלאטשיגע אידעען פון נאציאנאליזמוס. מיין געעהרטער אפאנענט (דר. זשיטלאווסקי. די רעד.) איז נאר קיין יוד ניט, ווען ער רעדט פון יודישען נאציאנאליזמוס. ער איז א פאלקאמענער יוד, ווען ער רעדט וועגען גרויסע אינטערנאציאנאלע פראבלעמען און אוניווערסאלע וועלט־אנשויאונגען!

נאר, לאמיר אויף א מינוט צוגעבען, אז מען קען מיט קינסטלערישע מיטלען מאכען פון דעם יודישען פאלק א שפאגעל נייע. אריגינעלע נאציאן. דארף מען עס טהון? איז דער פראקטישער שכל הישר דאפיר? איז דער העכערער געדאנק פון געזעלשאפטליכען לעבען, וואס ביי אונז האט זיך אויסגעארבייט, ניט דאגעגען? דארף דאס יודישע פאלק ווערען א נאציאן?

איך ערלויב מיר צו דענקען, אז אין אונזער צייט אנהייבען פלאנצען נייע נאציאנאלע טענדענצען און געפיהלע, הייסט רעגרעסירען און ניט פראגרעסירען. עס וואלט אויסגעזעהען זעהר קאמיש, ווען מיר וואלטען זיך פארגעשטעלט דארווינען מיט זיין ענטוויקלונגס־טהעאריע אלס א נאציאנאליסט, אדער סאקראט, ספינאזא, קארל מארקס אלס נאציאנאליסטען. פאר וואס? ווייל יעדער פון זיי איז געוועזען א גרויסער דענקענדער מענש. אונזער אידעאל פון דעם צוקונפטיגען מענש, מעג ער זיין טערק אדער רוססע, יוד אדער דייטש — איז א גרויסער דענקענדער מענש. אלעס וואס איז גרויס, נאבעל און ערהאבען טראגט ניט א נאציאנאלען, נאר אן אינטערנאציאנאלען כא־

---

— מיר שלעפען וועגעלעך מיט קוילען... אזעלכע קליינע וואגאנעלעך אויף שינעס... קוילען־וועגען — האט ערקלערט דער גרויער.

— דאס איז אזוי ווי דארט דער טראמוויי...

ער האט געזאגט „דארט" נאר ניט ווילענדיג, שפירענדיג נור אז דאס אלטע לעבען איז שוין פערביי און אז א נייע לעבען האט געדארפט פיר איהם זיך אנהייבען אין גאר אנדערע בעדינגונגען, ווי ער האט געלעבט פריהער אויף דער ערד איבערן פינסטערען אבגרונד.

— און ווען יאגט מען צו די פאשע — האט ער נאך געפרעגט.

— דו האסט ווייניג נאהרונג אין דער קארבע? — האט געמורמעלט דער אלטער.

— אבער אויפ'ן גראז... אויפ'ן פעלד...

דעם גרויעס קול ענדליך צו א פערסמ'ט געלעכטער האט א קלינג געטוהן אין ברוינעס'ס אויערען.

— קיין מאל ניט.

— קיין מאל ניט — האט שטיל ווידערהאלט דער ברוינער.

און פלוצים האט דאס בעוואונדערונג איהם א דורך גענומען די נשמה. ער איז אויף א ווילע שוואך געווארען און איז שיעור ניט געפאלען.

— ווען פיהרט מען אייך ארויס פון דאנען?

— וואוהין?

— אויף די ליכטיקייט... אויף די זון.

— דא האסט דו ליכטיקייט גענוג — האט א מורמעל געטוהן דער אלטער שאקלענדיג מיט דעם קאפ צום פערקאפטשעטע לעמפעל. קיין אנדערע וועסטו שוין ניט זעהען.

דער ברוינער האט שוין מעהר ניט געפרעגט. ער האט דערשפירט אין קאפ א צו מישונג. ער האט אויפגעהערט צו עסען און האט אראב געבויגען דעם קאפ צו די ברוסט און דער טרויער האט איהם אזוי געדרוקט דעם האלז דאס ער האט ניט געקענט מעהר שטעהן אויף די פוס און האט זיך אנידער געלעגט אויף דעם הארטען פייכטען באדען און האט פערמאכט די אויגען.

דער גרויער איז אויך ניט רוהיג געוועזען. אלע פערשלאפענע חלומות, אלע פערגעסענע וואונשען האבען זיך אין איהם ערוועקט מיט די לעבסטע שטארקייט. דער ברוינער האט דערמאנט זאכען, וועלכע ער האט שוין ניט געהערט לאנגע יאהרען. נאר קוים וואס ער האט זיך פערטיעפט אין דיעזע געדאנקען, זענען אנגעקומען אין שטאל אריין עטליכע מענשען און האבען אנגעהויבען אויספאנגען די פערד. דעם גרויען און דעם ברוינעם האט מען אין איינעם ארויסגעפיהרט און איינגעשפאנט צו די קוילען־וועגעלעך. זיי האבען אנגעהויבען פאהרען.

דער ברוינער איז ניט געוועזען געוואוינט צום גליטשיגען מיט ראפע בעדעקטען וועג און ער האט זיך פערהאלטען אויף יעדען טריט און שריט און איז א פאר מאל געפאלען. דער גרויער איז געגאנגען גלייך מיט א אראבגעבויגענעם שטערן און פון צייט צו צייט אינטערשלעפענדיג דאס ליידיגע לייכטע וועגעלע. נאר ווען מען האט דעם וואגאן אנגעפילט מיט קוילען האט ער זיך לאנג ניט געקענט רירען פונ'ם ארט. א ווייטאג איז איהם א דורך אין די ביינער און א וואונדערליכע שוואכקייט האט איהם פערפלאנטערט די מוסקילען. ער האט דערשפירט דאס די מאסע וועלכע ער האט געשלעפט לאנגע יאהרען איז איהם איצט שווער געווארען, מען האט איהם געשלאגען, געצווינגען מיט די ליישט, קוים ער האט זיך אנגעהויבען רירען...

— פשאמאטש — האט געשאלטען דער פורמאן.

— פאר וואס שעלט אנטאני?

— ווייל, הער אינזשענירער. די קלאטשע טויג שוין צו גאר ניט.

דער אינזשענירער האט זיך דערנעהנטערט און איז געגאנגען נעבען וואגען.

— אפשר איז דאס פערד קראנק?

— ניט קראנק, נור אלט. עס וועט שוין פון איהם קיין פרייד ניט זיין.

— איך וועל זיין היינט פאר נאכט אין דער שטאל.

— דער ברוינער איז דערווייל געלאפען. עס איז געוועזען אין גאנצען בעגאסען מיט שווייס און האט קוים געאטעמט די הייסע געדעכטע לופט. גלייך מיט איהם זענען פערביי געלאפען די ברודיגע ציראצטע ווענד, וועלכע זענען פערשוואונדען געווארען אין דער פינסטערניס. ער האט בעגעגענט מענשען מיט לאמטערלעך און שפיציגע העק אין די הענד, וועלכע זענען געגאנגען מיט אראבגעבויגענע קעפ. עס האט זיך געהערט הוילע קלעפ. די צייט איז געלאפען אבער

ציאנען, די טשעכען האבען זיך דערמיט ניט בעפֿריעדיגט און געפֿאדערט, מען זאל ארגאניזירען געווערקשאפֿטליך ניט נור ווי איצט לויט די פֿאכען נור אויך לויט די נאציאנען, ד. ה. יעדע נאציאן זאל אין גאנצען רייך האבען איהרע געווערקשאפֿטליכע ארגאניזאציעס. מיט איין ווארט זיי האבען געוואלט איינפֿיהרען אין דער געווערקשאפֿטליכער ארגאניזאציאן די זעלבע גרונדגעזעצע ווי אין די פּאליטישע ארגאניזאציעס לויט דעם ברינער פּראגראם אויף דעם יסוד פֿון א נאציאנאלער אויטאנאמיע. עס איז געפֿיהרט געווארען א גרויסע און ווי געוועהנליך ביי די טשעכען א שארפֿע פּאלעמיק. דער איצטיגער קאנגרעס האט זיך דערמיט בעשעפֿטיגט. די סכנה אז עס וועט קומען צו א שפּאלטונג אין דער געווערקשאפֿטליכער ארגאניזאציאן איז געווען א גרויסע, ווייל די טשעכישע געגאסען זענען אויף דעם נאציאנאלען פּונקט גרויסע מקפּידים. צום גליק אבער זענען געגען דעם פּראיעקט, וואס וואלט געקענט ברענגען דערצו, אז די ארבייטער אין איין ווערקשטאט זאלען אנגעהערען אין צוויי געווערקשאפֿטליכע פֿעראיינען ווען זיי געהערען צו צוויי נאציאנען, ארויסגעטרעטען ניט נור דייטשען, פּאליאקען און ז. וו. נור אויך א גרויסע טהייל טשעכען איבערהויפּט פֿון מעהרען. דער פּראגראם פֿון דער פּראגער געווערקשאפֿטליכער קאמיסיאן האט קיים בעקומען 2 טויזענד שטימען, ווערענד געגען האבען געשטימט קנאפּע צוויי מאל הונדערט טויזענד (מען האט געשטימט לויט די צאהל ארגאניזירטע ארבייטער). נאכהער האט מען געענדערט דעם רעגולאמין פֿון דער צענטראלע געווערקשאפֿטס־קאמיסיאן:

„די צענטראלע געווערקשאפֿטליכע קאמיסיאן אין עסטרייך איז די געמיינזאמע רעפּרעזענטאציאן פֿון די געווערקשאפֿטליך ארגאניזירטע ארבייטער אין עסטרייך. זי בעשטעהט אויס 16 מיטגליעדער (ביזהער 12), 6 פֿערטרעטער, 3 קאנטראלארען און 2 פֿערטרעטער, 12 מיטגליעדער מוזען וואהנען אין דעם מושב פֿון דער קאמיסיאן, 4 מיטגליעדער וועהלען אויס די לאנדעס קאמיסיאנען פֿון בעהמען, מעהרען, גאליציען און ניד עסטרייך.

די מיטגליעדער פֿון דער קאמיסיאן, וועלכע ווערען אויסגעוועהלט אויף דעם אלגעמיין געווערקשאפֿטליכען קאנגרעס, ווי אויך די מיטגליעדער פֿון דער קאמיסיאן, וועלכע די לאנדעס־קאמיסיאנען וועהלען אויס זענען פֿעראנטווארטליך נור פֿאר דעם אלגעמיינעם געווערקשאפֿטליכען קאנגרעס".

די צענטראלע געווערקשאפֿטליכע קאמיסיאן האט די אויפֿגאבען צו בעראטהען און בעשליסען איבער אנגעלעגענהייטען פֿון סאציאלער פּאליטיק, צענטראלער געווערקשאפֿטליכער ארגאניזאציאן, די סטרייקען בעוועגונג אין לאנד און אין אויסלאנד און אויסוועהלען די פֿארשטעהער אויף די אינטערנאציאנאלע געווערקשאפֿטליכע קאנפֿערענצען. זיטצונגען מוז די קאמיסיאן האלטען לפּחות 2 מאל אין יאהר..

נאכהער האט מען געענדערט דעם רעגולאמין וואס איז נוגע דאס בעשיקען דעם געווערקשאפֿטליכען קאנגרעס אזוי ערנאך, אז אויף 1000 מיטגליעדער וועהלט מען אויס ניט ווי ביזהער 2 דעלעגאטען נור איינעם.

## פּארטיי אנגעלעגענהייטען.

דער סאצ. דעמ. קאמיטעט אין בראדי איז מודיע, אז זיגמונד ישעער און דוד העראלד האבען אויפֿגעהערט צו זיין מיטגליעדער פֿון דער פּוילישער סאצ. דעמאקראטישע פּארטיי.

## די קרבנות פֿון קאפּיטאליזמוס.

1,279,892 מענשען זענען אין דייטשלאנד אין דער צייט פֿון 1886 ביז 1903 געטויט געווארען אדער אין גאנצען, טהיילווייז אדער אויף א קורצע צייט געווארען אונפֿעהיג צו דער ארבייט! און דאס זענען געוועזען גאר רוהיגע צייטען! די גרעסטע מלחמה איז א שפּיעלכעל אין פֿערגלייך מיט דער מלחמה פֿון דער ארבייט מיט'ן קאפּיטאל.

---

# נאציאנאליזמוס און אסימילאציאן.

פֿון

יעקב נארדין.

(ענדע).

איך פֿערשטעה איבערהויפּט ניט, ווי אזוי דאס יודישע פֿאלק וועט ווערען א נאציאן נור דורך א שפּראך, און דורך א זעלכע שפּראך? דורכ'ן זשארגאן! נו, און וואס וועלען טהון די יודען, וואס זייער מוטערשפּראך איז דייטש, ענגליש, פֿראנצויזיש, טערקיש. א. ז. וו.? און וואס וועט איהר טהון מיט די העברעאיסטען, וועלכע זאגען, אז די נעזעצליכע יודישע נאציאנאלע

---

# פעליעטאן.

oooo

## אין קוילען־גרוב.

פֿון

מיכאל מוטערמילך.

— נאאי! סטאאי! — האט ציהענדיג די ווערטער געשריגען וואלעק, וועלכער האט צוגעבינדען דעם ברוינעם צום קלאץ פֿון דער קארבע.

הערענדיג די שטימע האט דער גראער פֿייל אויסגעדרעהט זיין קאפּ און מיט די פֿערבלאסטע פֿערנעבעלטע אויגען האט ער א בליק געטוהן אין די זייט. ער האט דערזעהן א יונג שטארק פֿערד וועלכעס, ניט צוריהרענדיג צום פֿרעס, האט זיך ארום געקוקט.

— א נייער — האט געמורמעלט ניט ווילענדיג דער גראהער און האט אנגעהויבען ווייטער קייען דאס איבערגעבליבענע היי.

דערווילע האט דער ברוינער געווארפֿען אינטערעסאנטע בליקען אויף די שטאל.

באלד פֿאר די נאז האט ער דערזעהען אין דער שיין פֿון א קליין פֿערקאפּטעט לעמפּעלע א דונקעל־ברוינע קרומע וואנד, פֿון וועלכע עס האבען געריגען טראפּענס פּיכקייט. עס האט איהם ארום געריגעלט א פֿערשטיקטע הייסע לופֿט וועלכע האט זיך ווי א זמארע געלעגט אויף זיין ברוסט און פֿערהאלטען זיין אטעם אין די לינגען. נעבען איהם איז געשטאנען א רייהע שטילע פֿערטרויערטע פֿערד, א יונג אין א ברידיג לייבעל מיט א שווארץ פּנים און שווארצע הענד האט זיך געפּארעט ביי זיי, געהענדיג פֿון איינעם צום צווייטען מיט פּאמעלעכדיגע שווערע טריט. די פֿערד האבען ניט געוויהעט דערזעהענדיג איהם. זיי האבען ניט געוויהעט אפּילו דאן, ווען ער האט זיי געגלעט דעם האלז אדער צוגעשיט פֿרישע האבער אין די קארבע.

— וואס פֿיר א שטאל איז דאס? — טראכט דער ברוינער. ער האט זיך דא ארייין געקריגען ווי געווינליך, איילנדיג צום לויפֿען זיינע פֿערמאטערטע פֿיס, נאר ער איז פֿערפֿאהרען אין א טיעפֿען אבגרונד און איז פֿערמאכט אין א קליין פֿינסטער שטיבעלע. און איינעם מיט איהם זענען געקומען שווארצע מענשען נאר ענליך צום שטאל־יונג מיט קליינע שוואך אנגעצינדענע לאמטערליך און מיט שפּיציגע העק אין די הענד. אין שטאל איז ניט געוועזען קיין שום פֿענצטער אנשטאט א טויער איז געוועזען א לאך, וועלכעס האט ארויס געפֿיהרט צו א געדרעכטע ניט דורכזעהענדע פֿינסטערניס. דער ברוינער קען גאר ניט פֿערשטעהן. ווען מען האט איהם אריין געפֿיהרט האט שוין אנגעהויבען טאגען און עס האט ביסלעכווייז אויף געשיינט די זון. פֿון וואנען איז פּלוצים די נאכט? בין איך אזוי לאנג געפֿאהרען?

דער גראהער האט דערווייל אויפֿגעהערט צו קייען און האט געקוקט אויף דעם ברוינעם.

— וואס, דו וואונדערסט זיך? האט ער שטיל אנגעהויבען וויהען.

דעם ברוינעם האט דערפֿרייט דיעזעס מוטער־קול וועלכעס האט צערשטערט די וואונדערליכע פֿינסטערנים.

— א, איך וואונדער זיך — האט ער זיך אנגערופֿען — וואו זענען מיר?

— אין קוילען־גרוב — האט געזאגט מיט א פֿערטרויערטע מינע דער גרויער.

— אין קוילען־גרוב... האט ווידערהאלט ווי אן עכא דער ברוינער.

אין קוילען־גרוב... יא יא — געדענקט ער. ביי יענעם בעל הבית וואו ער איז געוועזען פֿאר יאהרען, האט מען אפֿט געשמיעסט וועגען קוילען־גרוב, ער דערמאנט זיך אפּילו דאס ער האט געהערט דענסטמאל עפּעס וואונדערליכע ניט געוועגליכע ווערטער: „גאזען" „אויסבראך"... און נאך אנדערע ווערטער, פּענליכע אויף וועלכע ער האט ניט פֿיעל געקוקט „שווערע ארבייט" „גרט" און „טויט"...

— און וואס טוהט איהר אין קוילען־גרוב? — האט ער ניט ווילענדיג א פֿרעגע געטוהן.

רעדען איין שפראך, ווען דער ווינד וועהט איבער זיי, זיי נעה־ען זיך פֿין איין קוואל און לעבען אויף איין טעריטאריע. די בלעטער זענען א נאציאָן, ווייל זיי האבען ניט קיין סאָציאלען לעבען. זיי טהוען ניט, זיי פּראָדוצירען ניט, זיי דענקען ניט, זיי פֿיהלען ניט. זיי האָבען ניט קיין קלאסען און קיין קאסטען. פֿון לעבערינע מענשען מאכען אזא עהנליכע און איינזא־טינע מאסע איז אונמענליך. דאס סאָציאלע לעבען הארמאָנירט יעצט ניט מיט'ן וואָרט נאציאָן, און פֿון אלע פֿעלקער פֿון דער וועלט זענען יעצט געוואָרען נור צוויי נאציאָנען, וועלכע וועלען אין דער צוקונפֿט ווערען נור איין נאציאָן!

יא, נור צוויי נאציאָנען האבען מיר יעצט: דאס איז מענש און אונמענש, אונטערדריקער און אונטערדריקטער, דער וואס פּראדוצירט און דער אומזיסטינער פרעסער. דער קאמפף וואס געהט יעצט אָן צווישען דיעזע צוויי נאציאָנען, וועט פֿריהער אָדער שפּעטער, ברענגען דערצו, אז עס וועט נור בלייבען איין נאציאָן, איין פֿאָלק, איין קעניגרייך, איין קולטור, איין ציוויליזאציאָן, איין גרויסע פֿעראייניגונג, וועלכע וועט זיך רופֿען מיט'ן גרויסען הייליגען נאָמען: מענשהייט!

פֿון דעם קריסטליכען הייליגען דעניס, דעם פּאטראָן פֿון פּאריז, דערצעהלט מען אזא לעגענדע: ווען ער איז געקומען צו די אונגלויביגע פֿון פּאריז פּרעדיגען דאס נייע גלויבען, האט מען איהם געהייסען שווייגען, ער האט ניט געפֿאָלגט. האט מען איהם געמאַרטערט און געפּלאָגט, ער האָט ניט געשוויגען, האָט מען איהם געהייסען אויפֿהענגען — ער האט גערערט הענגענדיג אויף דער תליה, מען האט דערזעהן, עס איז שלעכט, האט מען איהם געהייסען אָבשניידען דעם קאָפּ. סען־דעניס האט גענומען זיין אָבגעשניטענעם קאָפּ, איז געגאנגען מיט איהם פֿינף מייל פֿון פּאריז, וואו מען האט איהם מקבר געווען. א קאטאָלישער קארדינאל, וועלכער האט דערצעהלט דיזע געשיכטע צו א מאַרקיזע, האָט איהר געפֿרעגט: מיינט איהר ניט, מאדאם, אז דעם הייליגען דעניס איז געווען זעהר שווער צו געהן אזא מהלך מיט'ן קאָפּ אין דער האנד? — ניין, האט געענטפֿערט די מארקיזע, איהם זענען נור שווער געווען די ערשטע עטליכע טריט, נאכדעם ווי ער האט נור געמאכט די ערשטע טריט, איז ער שוין געגאנגען און געגאנגען...

עס גיעבט מענשען, וועלכע מיינען, מען דאַרף דעם יודען אָבשניידען זיין קלוגען, פּראַקטישען, דענקענדען קאָפּ, דעם קאָפּ, וועלכער האָט יאהרהונדערטע געדענקט און געפּרעדיגט אינטערנאציאָנאלע אידעען, און דאן, ווען ער וועט בלייבען נור מיט די לירישע און ראָמאנטישע געפֿיהלען פֿון זיין הארצען, וועט ער געהן ווייט, ווייט, מיט'ן קאָפּ אונטער' האנד... יא! אויב ער וועט מאכען די ערשטע עטליכע טריט, וועט איהם זיין זעהר גרינג דערגעהן אָהן א קאָפּ וואוהין איהר ווילט איהם פֿיהרען... איהר ווייסט דאָך אָבער, אז קיין נסים טרעפֿען זיך ניט און מיט'ן קאָפּ אין האנד שפּאַצירט מען ניט... לאָזט איבער דעם יודען זיין אלטען קאָפּ אויף די פּלייצעס! ער האט צו לאַנג געלעבט נור מיט א קאָפּ־לעבען. מאַכט ניט דעם יודען מיט א קאָפּ ניעדריגער אום ער זאָל ווערען א „נאציאָן" גלייך מיט אלע נאציאָנען. לאָזט איבער דעם קאָפּ וועלכער האט יאהרהונדערטע געפּרעדיגט דירעקט און אונדירעקט, געגען אלעס, וואס איז געווען ביי די פֿעלקער נאציאָנאליסטיש, וועלכער האט דורך זיין היסטאָרישען לעבען געקראַגען די געוואוינהייט דענקען, רעכנען, אנאליזירען און שטרעבען צו א קאסמאָפּאָליטישען אינטערנאציאָנאלען אַלמענשליכען לעבען!

## פון פראווינץ.

קאלאמעא.

ווער עס קוקט זיך צו צו דעם עלענדען טרייבען פֿון אונזערע ציוניסטען אין קאלאמעא דעם עקעלט אַזש ווי מענשען וועלכע רופֿען זיך האַלב אינטעליגענטע זאָלען זיך אַזוי נאַריש מאַכען. זייט איינינע יאָהר האָבען זיי דריי מאָל זייער פֿירמע געביטען. צוריק מיט עטליכע יאָהר האָבען די ציוניסטען געגרינדעט דאָ א פֿעראיין „ציון". מען האָט דאַמאלט געקלעבט גרויסע יודישע פּלאַקאַטען מיט וויינענדיגע אויסדריקען; מען האָט געזאַמעלט אויף'ן נאציאָנאַל־פֿאָנד, מען האָט צונויפֿגענומען שקלים און פֿערקויפֿט אַקציעס (און דער ביי אַלעס זיך נאַטירליך אַביסעל דורכגעטאַנצט. דער זעצער). דאָס יודישע פֿאָלק האָט געמיינט, אַז דער גואל צדק איז שוין געקומען. דאָס האָט זיך אַזוי אָוועקגעפֿיהרט א צייט. אָבער אין „ציון" איז צווישען די מיטגליעדער קיין אחדות ניט געווען. די יהודים האָבען געצווינגען אין איין זייט און די „יונגע" אין די צווייטע זייט. די יונגע האָבען זיך דעריבער צוקריענט מיט די ציוניסטישע יהודים און האָבען געגרינדעט אַ פֿעראיין מיט'ן נאָמען „צעירי ציון". עס האָט קיינעם נישט געאַרט

---

וואָלסט געשפּרינגען אָדער געקאָלערט זיך אין נאַסען גראָז — דאָ איז קיין מאָל ניט אַזוי קאַלט...

— און שפּעטער ווען די זון איז שוין אויפֿגעגאַנגען... האָט אָנגעהויבען דער ברוינער.

— די זון, די זון — האָט זיך ערפֿרייט דער גרויער. אזא גרויסע און בלוטיגע... דענסטמאָל ווערען די נעבלען שנעל פֿערשוואונדען; זיי האָבען מורא דאָס די זון זאָל זיי ניט פֿאַנגען. זאָג, ברוינער. צו די זון געהט אויף דאָרט יעדען טאָג?

— יעדען טאָג, נור ניט שטענדיג זעהט מען זי, ווייל...

— שווייג שטיל, שווייג, איך ווייס שוין, איך געדענק — האָט איבערהאַקט די רייד דער גרויער. ווייל טייל מאָל ווערט דער הימעל פֿערשפּרייט מיט א זעלכע געדעכטע פלאַכטעס...

— וואָלקענעס — האָט אונטערגעזאָגט דער ברוינער.

— א וואָלקענעס... און דענסטמאָל זעהט מען ניט די זון, אָבער דאָך איז שטענדיג ליכטיג, ליכטיג...

דער גרויער האָט פֿערקנייטשט די אויגען.

— און דענסטמאָל ווידער איז ניט אַזוי ליכטיג. דענסטמאָל איז גרויליך...

— לייקען ניט — האָט זיך דערבייזערט דער גרויער — און דענסטמאָל כאָטש די זון איז ניטאָ, איז אויך ליכטיג... ווי איך זעה קען דיר דאָס לעמפּעל אויך גענוג זיין — האָט ער געענדיגט מיט כעס.

— ניין, ניין — האָט דער ברוינער געזאָגט מיט א ניי אויפֿגעוועקט פֿערצווייפֿלונג. איך בין ניט לאַנג פֿון דאָרט געקומען, געדענק איך ניט די זון...

דו געדענקסט... און איך האָב שוין פֿערגעסען — האָט דער גרויער שווער אָבגעאָטעמט.

— ביסט שוין דאָ געווים לאַנג?

— אָ לאַנג...

— ווי לאַנג קען שוין זיין?

— פֿון וואַנען זאָל איך דאָס וויסען? דאָ איז ניטאָ קיין גראָז און קיין מאָל זעהט מען ניט די קליינע שמעטערלינגע, וועלכע בעשיינען מיט קאָלירען דאָס גראָז אים פֿריהלינג...

— בלומען — האָט אינטערגעזאָגט דער ברוינער.

דאָ וואַקסען ניט קיין בלומען — האָט געזאָגט ערנסט דער גרויער און דאָ איז ניטאָ קיין ווינטער ווען עס פֿאַלט פֿון הימעל אזא קאַלטער ווייסער...

שנעע — האָט אונטערגעכאַפּט דער ברוינער.

— דאָ איז קיין מאָל ניטאָ קיין שנעע. אונטער די קלאָהען וועט דיר קיין מאָל ניט ליכטען, ניט אינטער שפּיעלען...

— עס איז אייך פֿוריקרע? האָט געפֿרעגט מיט מיטלייד דער ברוינער.

— אָם מעהרסטען בענג איך צו די ליכטיגקייט, צו די זון. איך האָב שוין וועגען דעם לאַנג פֿערגעסען, נאָר ווען דו ביסט אַהער געקומען און האָסט וועגען דער וועלט גערעדט איז מיר דער טרויער ווידער אויף די ברוסט אַרויף און איצט קלע־ איך נור דאָס איך זאָל כאָטש נאָך איין מאָל פֿאַר מיין טויט זעהען די ליכטיגקייט און די זון...

ער איז שטיל געבליבען און האָט נידריג צו די ברוסט אַראָבגעבויגען דעם קאָפּ...

— נוט אָבענד, העררר אינזשענירער, האָט זיך געהערט אין דער שטילקייט א קול פֿונ'ם שטאַל־יונג.

— נוט אָבענד וואָלענטי, וועלכעס פֿערד טויג צו גאָרניט?

— דיעזער, דער גרויער — האָט געענטפֿערט דער שטאַל־יונג, גלעטענדיג דעם אַלטען ביים ריקען. שוין אין גאַנצען צו גאָרניט. היינט האָט ער שוין ניט געקענט שלעפּען. אַפֿילו אַ האַלב וועגעלע האָט ער קוים דערשלעפּט.

— נו, נענוג זיך אויפֿגעריענט. איך וועל הייסען איהם אין דער פֿריה אַרויס פֿיהרען. גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט דעם הערר אינזשענירער.

דער גרויער האָט שטיל געזאָגט.

— זעהסטו, ברוינער, מען וועט מיך מאָרגען אַרויס פֿיהרען. עס איז מיר שוין די עלטער געקומען... איך וועל ווידער זעהען די זון... די זון... עס קומט

ראַקטער. די אידעע פֿון רעליגיאָן ביי די ציוויליזירטע פֿעלקער איז אינטערנאציאָנאַליסטיש. עס איז ניטאָ שוין יעצט קיין נאציאָנאַלע גערעכטיגקייט און נאציאָנאַלע וואַהרהייט, עס איז נאָר דאָ אַ מענשליכע גערעכטיגקייט און וואַהרהייט; עס איז ניטאָ קיין נאציאָנאַלע ציוויליזאציאָן — די ציוויליזאציאָן איז אינטערנאציאָנאַל. די וויסענשאַפֿט, די גרויסע ערציהערין דער מענשהייט, איז אינטערנאציאָנאַל. די גרעסטע ווערקע פֿון ליטעראַטור זענען אינטערנאציאָנאַל. זשעניאַליטעט קען ניט איינגעשפּאַרט ווערען אין איינגע ראַמען פֿון נאציאָנאַליטעט. די קלאַסיקער פֿון דער וועלט זענען אינטערנאציאָנאַלע שרייבער: דאַנטע, ראַבלע, סערוואַנטעס, שעקספּיר, מילטאָן און געהטע זענען ניט נאציאָנאַל. אין וועלכע קליידער זיי האבען ניט געקליידעט זייערע העלדען, — די אידעען און טענדענץ פֿון זייער שרייבען איז געווען אינטערנאציאָנאַליסטיש. האַמלעט און דאַן קיכאָט, און פּאַנטאַגרועל און דער געפֿאַלענער מענש אין פֿאוסט, זענען מענשען, ניט נאציאָנאַלע סוביעקטען.

אין 18־טען יאָהרהונדערט האָט געהערשט אין ליטעראַטור, אין דער פֿילאָזאָפֿיע און אין סאָציאַלען לעבען דער פֿרייער קאָסמאָפּאָליטישער געדאַנק, איז דאָס געווען אַ יאָהרהונדערט פֿון גרויסען פּראָגרעס און עמאַנציפּאַציאָן. אין 19־טען יאָהרהונדערט האָט זיך ערוועקט דער געדאַנק פֿון נאציאָנאַליזמוס, און דאָס האָט געפֿיהרט די מענשהייט צו רעגרעס און ערנידרינונג. אַ נאציאָנאַלער געדאַנק איז שטענדיג אַ רעאַקציאָנערער געדאַנק.

ווען די יודען זענען געווען גערעכענט אַלס אַ נאציאָן דורך זייער רעליגיאָן, האָט מען זיי ערניעדריגט, פֿעראַכטעט, געשלאָגען, געפּייניגט — זייער איינציגער פּראָטעסט, זייער איינציגע טרייסט איז געווען אין דער זעלבער מעטאַפֿיזישער אידעע, מיט וועלכע די היינטיגע נאציאָנאַליסטען ווענדען זיך צו אונז, — זייער נחמה איז געווען אין אַ מעטאַפֿיזישען, אבסטראַקטען געדאַנק פֿון נאציאָנאַליזמוס. דער יוד איז געבראַכט געוואָרען ביז אַזאַ מדרגה׳ אַז מען האָט געזאָגט וועגען איהם, אַז זיין איינציגע נאציאָנאַלע אייגענשאַפֿט בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט ניט די געפֿיהלע פֿון ריטטערליכע עהרע. דערפֿאַר דולדעט ער און שווייגט, ווען ער ווערט ענטעהרט. היינע און בערנע זענען געווען די ערשטע יודען, וועלכע האָבען מיט קוראַזש און העלדענמוטה געצויגען דעם ריטטערליכען שווערט און האָבען בעשיצט אין דעם יודען די עהרע פֿון דעם מענשען! מיר האָבען פֿיעלע בעווייזע, און דער גלענצענדסטער פֿון זיי אַלע איז די טהעטיגקייט פֿון׳ם יודישען „בונד״ אין רוסלאַנד, אַז דער יוד פֿערליערט זיין נאציאָנאַלע אונריטטערליכקייט און הויבט אָן ווערען מענש, וואָס פֿאָדערט מענשען־אַכטונג און מענשענרעכטע. דאָס וואָס רופֿט ארויס דעם יודען צום פּראָטעסט און קאַמפּף איז ניט נאציאָנאַלע געפֿיהלע, דאָס איז די געפֿיהלע פֿון אַ מענש! דער וואָס וויל מאַכען פֿון אַ מענש אַ נאציאָנאַליסט, וויל שלעפּען דעם מענשען צוריק. ווען מען זאָל מיר הייסען ווערען אויס יוד און אסימילירען זיך מיט׳ן דייטש אָדער פֿראַנצויז, וועל איך בעסער שטאַרבען! קיינער און קיינעם דאַרף מען ניט אסימילירען צוליעב וועמען אָדער צוליעב וואָס־עס־איז. דער פֿראַנצויז וועט ווערען ווייניגער פֿראַנצויז, וואָס מעהר מענש ער וועט ווערען. דער דייטש וועט ווערען ווייניגער דייטש, וואס מעהר מענש ער וועט ווערען. און דאס וועט געשעהן אליין פֿון זיך מיט יעדען פֿאָלק אונטער דעם איינפֿלוס פֿון גרויסע אינטערנאציאָנאַלע אידעען און אינטערנאציאָנאַלען סאָציאַלען לעבען! דייטשלאַנד קען יעצט לייכט שלאָגען דעם פֿראַנצויז, אַבער די מענשען וואָס האבען אינטערנאציאָנאַלע פּרינציפּען וועלען דאָס ניט דערלאָזען! דער פֿראַנצויז קען שלאָגען שווייצערלאַנד, אינטערנאַציאָנאַלע רעכטע וועלען דאָס ניט דערלאָזען. דער מענש געהט! אַזוי ווי טייכען, מוזען זיך אַלע פֿעלקער אריינגיסען און פֿעראייניגען אין דעם גרויסען אָקעאַן, וואָס רופֿט זיך מענשהייט. דער יודישער בורזשוא און דער יודישער אַרבייטער זענען אינטערנאציאָנאַלע פּראָדוקטען. איהר מעגט צו זיי רעדען אויף ושאַרגאָן אָדער אויף טערקיש, זיי מוזען געהען מיט׳ן וועג, מיט וועלכען די אַלגעמיינע סיסטעם פֿון סאָציאַלען לעבען פֿיהרט זיי. דער אַלגעמיינער אינטערעס פֿון אַלע מענשען, דער אינטערנאַציאָנאַליזמוס, ראַטטעט אויס די נאציאָנאַלע עגאָאיסטישע און קליינליכע אינטערעסען. און ווער עס מיינט, עס איז מעגליך צו פֿערפֿאַלגען אינטערנאציאָנאַלע אינטערעסען און אין דערזעלבער צייט בלייבען אַ נאציאָנאַליסט, ווידערשפּרעכט זיך אַליין. איין אינטערנאציאָנאַלער נאציאָנאַליסט קלינגט אַזוי, גראַדע ווי מען זאָל זאָגען, פּאַרעווע מילכיגער לאַקשען, אָדער אַ מילכיגער ראָסעל־פֿלייש. מען קען ניט אין איין צייט זיין פּאַרעווע און פֿליישיג... נאציאָנאַליזמוס איז אַ טויט־שונא פֿון אינטערנאציאָנאַליזמוס.

מען קען יעצט ניט מאַכען פֿון מענשען אַ נאציאָן. די צייט פֿון בילדען נאציאָנען איז פֿאָראיבער אויף אייביג. נאָר בלעטער וואָס וואַקסען אויף איין בוים זענען אַ נאציאָן, זיי זענען אַלע גלייך, זיי האָבען איין אַבשטאַמונג, זיי

---

דער ברוינער האָט ניט בעמערקט און מיט אַ געהיימע שרעק האָט ער געקיקט אויף די פֿינסטערניס און ניט גלויבענדיג דעם גרויענס ווערטער האָט ער געוואַרט אויף די ליכטיגקייט...

ווען מען האט נאָך דער אַרבייט די פֿערד געפֿיהרט אין שטאַל אריין זענען זיי לאַנג געשטאַנען און האָבען שווער געאטעמט, אַרבייטענדיג מיט די זייטען און ניט צורידענדיג זיך צום נאָהרונג. ביי דעם אַלטען האָבען זיך ערוועקט זיינע לענגסטע מיהע און מאַטערניסען, זיין פֿרידהצייטיגע עלטער האט ערוועקט אין זיינע ביינער דאָס פֿערשלאָפֿענע ווייטאָג... דער יונגער, וועלכער האט געהאַט האָפֿנונג ביז צו די לעצטע מינוט אַז מען וועט איהם נאָך דער אַרבייט ארויספֿיהרע אויף די וועלט אריפֿ׳ן גראָז, וועלכעס איז בעדעקט מיט די זון־שטראַהלען, איז איצט קוים געשטאַנען אויף די פֿיס, אָהן כחות...

אין די זעלבע מינוט איז געקומען אין שטאַל אריין אַן אַלטער פֿערהויקערטער ערד־אַרבייטער און איז צוגעגאַנגען צום שטאַל־יונג.

— גוט מאָרגען, וואַלעק.

— גוט מאָרגען טאַטע. ווי געהט עס היינט דעם טאַטען.

— אָ האָ. ניט ועהר. איך טויג שוין ניט צו דער אַרבייט. קוים וואס איך רוּאָבע מיט דער האַק און וואס, מעשטיינס געזאָגט, דרואָבע איך אויס? אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל אַ הונד לאָזט טרערען... איך האָב געמיינט עס וועט אויפֿהערען, אָבער ווען אויפֿהערען! די אַלטקייט איז קיין פֿרייד, דער טויט — קיין ברויט. דער העררר אינזשענירער זאָגט צו מיר היינט: עס איז שוין צייט אייך אַלטער אויף אַ־ברוה, און אָבריהען זיך האָב איך שוין לאַנג געוואָלט אָבער מיט וועלכען געלד? (ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען) צו די אַרבייט וועל איך שוין ניט צוריק געהן — האָט ער פּלוצים געענדיגט מיט ענטשלאָסענהייט. וואַלעק האָט אַ ווײַלע שטיל געשוויגען גראַדע ווי ער וואָלט זיך געוואָלט צו עפּעס דעצידירען און האָט געזאָגט:

— אונז אַלע, טאַטע, וואַרט דער זעלבער סוף. דו ווילסט ניט געהן צו די אַרבייט, טאָ געה ניט. איך וועל דיך ניט לאָזען שטאַרבען אין רינשטאָק. שטענדיג וועט זיך נאָך געפֿינען ביים זיהן אַ וואַרים ווינקעלע און אַ שיסעל זופּ.

— וואָלסט דיך ניט צו נאָר געמאַכט, וואַלעק. דו האָסט אַ ווייב, קינדער אַ סאַך, קלער בעסער וועגען זיי און ניט וועגען מיר. ביי איהם אַליין הערשט דער אָרמוט, וויל ער נאָך מיך אויף זיין קאַרק נעהמען. — האָט ער געענדיגט מיט כעס דורך וועלכער עס האָבען גערינען הייסע טרערען פֿון דער מיעדע דאַנקבאַרע נשמה.

עס האָט ניט געהאָלפֿען דעם זוהנס רייד. דער בערג־אַרבייטער איז זיצען געבליבען און האָט איהם נור איינס נאָך געגעבען:

— וואַלעק, איך וועל דיר עפּעס זאָגען. איצט איז זומער וועט מיר אימעדום גוט זיין. איך וועל וואַנדערן אויף דער וועלט. מענשען זענען טייל מאָל גוט, איך וועל צו־זאַמענעמען עטוואָס געלד און אויף ווינטער וועל איך צו דיר קומען.

ער האָט זיך געזעגענט מיט דעם זוהן און איז ארויס געגאַנגען...

דער גרויער האָט פֿויל געקייט דאָס נאַהרונג, אויסדרעהענדיג טייל מאָל זיין שטערן צו דעם ברוינעם. עס האָט איהם געצויגען דאָס ער זאָל דעם יונגען עפּעס פֿרעגען, נור דער שאַנד און די וואונדערליכע מורא האָבען געהאַלטען אויף דער צוים זיין ערוועקטען פֿרישען געפֿיהל. אַם ענדע האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ געמאַכטע קאַלט־בלוטיקייט, הינטער וועלכע עס איז געווען בעהאַלטען דער לייד פֿון דער פֿערהונגערטע פֿערדורשטע נשמה.

— וואָס האָסטו היינט געפּלוידערט פֿון עפּעס אַ זון אָדער ליכטיקייט... פֿון עפּעס דאָרט... אין דער הייך...

דער ברוינער האָט אָבגעלעכט. דער ווייטאָג פֿון פֿרישען אָבשייד האָט איהם אריין געגאָסען פֿייער אין שטילען פֿערשטיקטען מורמעלריי.

— איך האָב נאָר ניט געפּלוידערט. דאָרט אין דער הויך איז די זון אויפֿגעגאַנגען ווען מען האָט מיך צוגענומען...

— ווי איז אויפֿגעגאַנגען — האָט ווידער־האָלט מיט אַ פֿערשלאָפֿענעם געדאַנק דער גרויער. — איז דאָרט איבער די פֿעלדער אַזעלכע בלויהע פֿלאַכטעס אַזאַ פֿייכקייט... ווי הייסט דאָס?...

איך האָב שוין פֿערגעסען...

— נעבלען...

— אַ האַ, נעבלען ציהען זיך... און אין די ביינער ווערט אַזוי קאַלט דאָס דו

איז „שיבת ציון", א הין וועלען מיר ברענגען אונזער פֿאָלק. און דאריבער, אז איהר ווילט באמת די ישועה ברענגען פֿאר דעם יודישען פֿאָלק מוזט איהר טאקע אליין מיטהעלפֿען צום נצחון פֿיר אונזער אידעע און נישט זיטצען און אונגוטציג ווארטען, ווייל שוין אונזערע הכמים האָבען געזאגט: קודם מוז ארץ ישראל ווערען א יודישע מלוכה און בעזעטצט ווערען און נאָכדעם ערשט וועט ארויפגעהען אויפ'ן קעניגליכען טהראָן דער נאכפֿאָלגער פֿון בית דוד! פֿיר אייך עבען איז בעשאַפֿען געוואָרען די „מזרחי" פֿראקציאָן, וועלכע פערטרעט אייערע רעליגיעזע אינטערעסען אים ציוניסטישען לאגער, אין וועלכען איהר מוזט אייך אנשליעסען...

אָט דאָ האט איהר, גענאָסען, א שטיק פועלי ציוניזמוס אָהן זיין גרויס שטעטישער מאסקע: לשון קודש, קאָקיעטירען מיט חסירים, מיט די רעאקציאָנערען פֿון קלעריקאלען מזרחי: נישט בעסער, פֿארקעהרט נאָך פֿיעל ערגער פֿאר דעם געוועהנליכען „בורזשואזען" ציוניזמוס.

## אנ'אמת מעג מען א סעפאראטיסט אויך זאגען.

שוין די צווייטע וואָך ווי עס ווארפֿט דאס סעפאראטיסטיש-גראססמאַן'ס בלעטעל דערפֿאר, וואס דער „נאפזשוד" האט געשריעבען, אז די סעפאראטיסטישע יוגענדליכע פארטיי האט גענומען אנטהייל אין דער דעמאָנסטראציאָן. אנשטאט אלזא צו ווארטען ביז די פארטיי וועט אויסוואַקסען ווארפֿט זיך דאס בלעטעל אויפֿ'ן פוילישע „נאפזשוד" ווי בעזעסען. א פֿארשטערטען יום טוב האבען נעבאך די סעפאראטיסטען. זיי האבען געקעמפֿט ווי לייבען פֿאר דאס אלגעמיינע וואהל-רעכט און איצט, אז עס איז געקומען צו עפּעס זעטצען זיך די דייטשע, טשעכישע, פוילישע און ז וו. פארטייען אויבען אָן און אָן זיי, אן די רעכטע מחותנים, האט מען פֿערגעסען. דריי שטונדען האט אדלער גערעדט אין פארלאַמענט. מיט איין ווארט ווען ער וואלט עס רערמאהנען איבער די „דריי עפֿענטליכע פֿערזאמלונגען" אין לאקאל פֿון פֿרויען פֿעראיין, וואס די סעפאראטיסטישע פארטיי האט אבגעהאלטען, פֿון דאשינסקי'ן איז שוין אבגערערט.. אפילו ראמאנטשוק, וועמען די סעפאראטיסטען האבען נאמינירט פֿאר א עהרען-מיטגליעד פֿון זייער פארטיי, ווייל ער האט געפֿאדערט פֿאר די יודען אנ'אוטאנאמיע, האט פֿערביי געלאזען דעם היסטארישען פֿאַקט. אנשטאט אבער צו שעלטען די טאכטער טשעפען זיך די סעפאראטיסטען צו דער שנור, וועלכע איז דא גאר ווייניג שולדיג: זיי קריעכען גאר איינפֿאך אויף די גלייכע ווענד. איין נחמה האבען מיר פֿאר די סעפאראטיסטישע פֿיהרער. פֿיעלייכט וועט זי זיי בערוהיגען: ווי מיר ווייסען פֿון א זיכערע קוועלע הייבען די רעדאקטארען פֿון „נאפזשור" ניט אן אפילו צו וויסען וואס מען שרייבט וועגען זיי אין „סאציאל-דעמאקראט"; זיי ווייסען אפילו ניט, אז דארט איז שוין לאנג ארויס געגעבען געווארען אויף זיי א פסק דין. גאר אויב וואו פאסט דא דער שפריכווארט: אזוי ווי זיי ווייסען ניט אזוי וועט עס זיי ניט שאדען...

און נאך איין וואָרט. די סעפאראטיסטען טענה'ען אלץ אין איינעם, אז זיין ארבייטען, אגיטירען און ז. וו. אונז דערמאהנט עס דעם בעריהמטען משל מיט'ן פֿוקס און קרעבס, וועלכע האבען זיך געוועט, ווער וועט פֿריהער צו לויפֿען צום ציעל. ווען דער פֿוקס איז אנגעקומען האט ער זיך אומגעדרעהט צו זעהען וואו דער קרעבס געפֿינט זיך. דער קרעבס איז זיך געהאנגען אן פֿוקס עק. ווען דער פֿוקס האט ניט ווילענדיג א מאך געטהון מיט'ן עק, איז דער קרעבס אָבגעוואָרפֿען געווארען עטליכע שריט פֿאָרווערטס. „זעה — האט זיך דער קרעבס מיט גאוה אבגערופֿען — איך ווארט שוין אויף דיר פֿון לאנג". אזוי טהוען אלע וואס שלעפען זיך נאך אן עק פֿון יעדער בעוועגונג. זיי איז אם שווערסטען צו קאנטראלירען, ווייל מיר האבען דארט קיין אויגען ניט... די ציוניסטען האבען זיך אויך נאכגעשלעפט און היינט טענה'ען זיי אויך, אז „זיי ווארטען שוין לאנג אויף אונז".

## נחום מאיר שייקעוויטש (שמ"ר) טויט.

דעם 24-טען ר. מ. איז אין נויארק אין יודישען שפיטאָל געשטאָרבען דער גוט בעקאַנטער יודישער ראָמאנען-שרייבער און דראַמען-פֿערפֿאסער נחום מאיר שייקעוויטש, וואס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „שמר". שייקעוויטש האט געשפיעלט א גרויסע ראָליע אין רוסלאנד מיט צוואנציג יאהר צוריק ווען עס איז נאָך קיין רעכטע יודישע ליטעראַטור ניט געוועזען און ווען די יודישע מאסע, די שניידער יונגען, ווי מען פֿלעגט דאַן זיך מיט פֿעראכטונג אויסדריקען האבען ניט געקענט און ניט געהאַט וואָס צו לעזען. וואָס מען זאָל ניט זאגען וועגען דעם ליטעראַרישען ווערטה פֿון זיינע ראָמאַנען, דאס מוזען צוגעבען, אז זיי האָבען געהאט זעהר א גרויסען ווערטה פֿיר די גרויסע מאסען פֿון יודישען פֿאָלק. זיי האבען אויסגעלערנט טויזענדער און טויזענדער יודישע מענער און פֿרויען צו לייענען. אלס מענש איז שייקעוויטש געוועזען זעהר א עדלער, זעהר אן אנגענעהמע פערזאָן און יעדער איינער וואס האָט איהם נאהנט געקענט, האָט איהם געליעבט פֿון טיעפֿען הארצען. ער איז געוועזען וואָס מען רופֿט א דימענטענער מענש. פֿריעדען זיין אנדענקען!

---

אזוי ווי מען קען ניט שטערען אז די היינטיגע אינטעליגענץ געהט אין קאפעהייז שפּיעלען אין קארטען, אזוי קען מען אויך נישט זיין דאגענען ווען עטליכע יונגלאך דינגען זיך איין קלוב דאס זעלבע מיטצימאכען. אין דער גאנצער צייט איז דער ציוניזמוס ביי אונז איינגעשלאפען; פון דעם מנין יונגלאך זענען צוויי אוועקגעפאהרען, 2 האבען חתונה געהאט, קיין אנדערע קומען נישט צו אין דירה געלד, ווי מען זאגט, דארף מען צאהלען, האבען זיי זיך מישב געווען אין אנגעהויבען צו פּריווען אריינצובעקומען דעם ארבייטער מיט דער הארטער האנד, ער זאל זיי אויף זייער נויטה ארויסהעלפען. אזוי האט איין יונגעל פערפאסט אנ'אויפרוף — דאס פאפּיער איז געדולדיג — און פרעדיגט די ארבייטער די גאולה שלימה. וואס דאס איז פאר א גאולה איז לייכט צו פערשטעהען פון ערשטען בעסטען פאקט. פאר 4 וואכען איז ביי אונז געווען א הספד אין שיל נאך די געפאלענע יודען אין רוסלאנד. עס איז געווען איינגעלאדען דער ציוניסטישער מגיד טויבים. נאך דעם הספד האבען איהם די סוחרים איינגעלאדען אויף א בעראטהונג וועגען די זונטאגס רוהע און וועגען דעם בונטעווען זיך פון די האנדעלס אנגעשטעלטע, וואס ווילען שוין זיינער גיין פריי זיין. הער טויבים האט זיי געגעבען א עצה. איהר מיינט וועגען דער זאנטאגס־רוהע? ניין! ער האט געראטהען די קויפלייטע: היות אין יאהר איז דא 52 וואכען און דער האנדעלס־אנגעשטעלטער האט פריי 52 האלבע טעג, זאל מען איהם אברעכענען פון זיינע שכירות פאר דער צייט און איהם ווייניגער צאהלען. ווייטער נעהמען זיי אויף זיך די שמוציגע ארבייט צו ארגאניזירען די קליינמייסטער געגען די ארבייטער. אונז ארט עס ניט, ווייל אפילו די שמוציגסטע האנד איז נישט ביכולת ארויסצוציהען דעם עלענדען קליינמייסטער פון דעם טיעפען זומפּ אין וועלכען איז פארזינקען. דאגעגען אבער זענען מיר זיכער, אז קיין אנשטענדיגער ארבייטער וועט זיך ניט לאזען פון די יונגלאך פארפיהרען, ווייל דער ארבייטער ווייס, אז די ציוניסטען זוכען נישט זיין זכות נור זיין שאדען. זיי ווילען איהם איינגעבען דעם שאוויניסטיש־נאציאנאלען שלאף־טרונק, כדי לייכטער צו שינדען פון איהם די הויט. און מיר וועקען דעם ארבייטער פון דעם לאנגען שלאף און ווייזען איהם די געטין אווראָרא מיט דעם פאקעל אין דער האנד, וועלכע רופט אונז צו פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט.

דארום שמערצט מיך ווען איך הער ווי יונגלאך מאכען זיך איבער דיר, מיין ארימער ארבייטער, לוסטיג און ווילען נישט טראכטען, דיין עלענדע לאגע אין וועלכער דו לעבסט צו פערבעסערן. אומגעקעהרט זיי זעהען אז דו האסט זיך מיטהיג אויס דיין לאנגיעהריגען שלאף אויפגעכאפּט און ווילען דיך צוריק איינשלעפען מיט דעם ציונס ליעדעל. אבער דער ארבייטער איז שוין פאליעהריג און ווייס שוין ווער איז זיין פריינד און ווער זיין פיינד.

באלכאוו דעם 10־טען דעצעמבער.

### א סטרייער שניידערעל.

מיר האבען אין סטריא א שנייערער ר׳ יעקב יעהריך און זיין פרוי געהט אין ספּארעק און זי פיהרט דאס גאנצע שניידעריי. ביי איהם האט געארבייט א געהילפע פון אונזער פארטיי. ער האט געארבייט 3 מאנאט אין סעזאן. די פרוי יעהריך האט געזעהען, אז די ארבייט לאזט זיך אויס, האט זי געוואלט פון איהם וואס גיכער לויז ווערען. ווען עס איז געקומען דער 28־טער נאוועמבער, ווען מען האט אנגעפאנגען דעמאנסטרירען און מען האט אנגעזאגט, אז אלע ווערקשטעטען זאלען זיין געשפּערט, האט די פרוי יעהריך געגעבען א בעפעהל אז כאס מען וועט דיענסטאג ניט ארבייטען, וועט זי דעם בעטראג ניט בעצאהלען. נאך דער דעמאנסטראציאן האט זיך אין ווערקשטעט אנגעהויבען א ניהונס, אז דער געזעלע האט זיך געמיזט אבשראגען. ביים אברעכענען האט זי געמאכט א חשבון צדק און די קלאג איז געווען פארטיג. אין די גאנצע דריי חדשים האט ער געמוזט שטעהען יעדען פרייטאג אין בעטען א פאר זעקסערלאך. און ארבייטען ארבייט מען ביי ר׳ יעקב יעהריך פון 6 אוהר פריה ביז 12 ביי דער נאכט. ל.ע.

---

# כראניק.

## די פועלי ציון און די חסידים.

פון קאלאמעא האט מען אונז צו געשיקט אנ'אויפרוף פון די דארטיגע פועלי ציון צו די ארבייטער און צו די... חסידים. לאכט ניט געגאסען, עס איז א פאקט. לאז דער אויפרוף רעדען אליין פאר זיך: „און אזוי רעדען מיר צו אייך חסידים קודם כל, איהר וואס איהר זענט די איינציגע, וואס איהר וואלט געקענט אונזער הייליגע שפראך וויעדער בעלעבען און א אייראפעאישע שפראך ענטוויקלען, זאגט איהר אייך אב פון דעם ציוניזמוס, איהר טראגט געגען איהם א שנאה אנשטאט זיך איהם אנצושליעסען און פיר איהם צו שטרעבען. דער ציוניזמוס וויל דאך דאס יעניגע אויס פיהרען, נאך וואס איהר זענט אייך אויפשטעהענדיג און לעגענדיג, שלאפענדיג און וואכענדיג: דאס

---

צו אונז אין קוילען־גרוב אן אויפרעכטונג ליכטיגקייט און די זון און איינעם מיט די ווייטאג אין די ביינער, שוואכקייט און אלשקייט...

דאס קול האט איהם געציטערט מיט פרייד און האפנונג.

— און איך? האט מיט א ווייטאג געפרעגט דער ברוינער.

— שווייג! ווארט געדולדיג. אזוי ווי דו ביסט געקומען מיך אויסלייזען אזוי וועט דיך אויך אויף דער עלטער א יונגער אויסלייזען. נור ווארט געדולדיג אין מאטערניס און נויט. ווייל די מאטערניס און נויט מיזען שטענדיג אויף דער וועלט זיין און מיר דארפען זיי דיענען בסדר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם גרויען האבען די פיס געציטערט ווען מען האט איהם געפיהרט צו די ווינדע און ווען ער איז שפּעטער ארויף געפאהרען. ער האט פערמאכט די אויגען. ער האט גאר ניט געוואלט זעהען. ער האט זיך איינגעשפּארט דאס ער זאלל די ניט עפענען ביז ער וועט ניט דערשפּירען ווייכע ערד און דאס געפלאנטערטע גראז אינטער די פיס.

די ווינדע האט זיך געשטעלט. מען האט איהם ארויס געפיהרט אויף א הארטען גלאטיגען וועג. ער האט צו געקוועטשט די אויגען. ער האט אין גאנצען געציטערט גראדע ווי ער וואלט ערווארט א גרויסען פריילינען יום־טוב.

פלוצים האט ער דערשפּירט א ווייכען בארען. אונטער זיינע פיס האט שטיל גערוישט דאס גראז...

ער האט ברייט געעפענט די אויגען...

און פליצים איז איהם א דורך אין די אויגען א בליצענדע ווייטאג פון דער אבשיין. די הייסע תמו'דינע זון האט איהם צושפּרייט די אפּלען און דאס ווייסלעכץ פון די אויגען. און זי איז אריין אין די קאפּ־נערוועז. דער גרויער האט אנגעהויבען ווילד צו וויהען. ער האט געטיפּעט מיט די פיס אלעס וואס איז געבען איהם געווען. עס האבען זיך געהערט לאנגע מענשליכע קרעכצען...

דערווילע זענען די זון־שטראהלען אלס מעהר אין פערדס קאפּ אריין און דער גרויער האט ווילדער אנגעהויבען וויהען, לויפען און טיפּען מיט די פיס...

עס האט זיך געהערט מענשליכע קולות...

— ער איז משוגע געווארען פון דער זון...

— אזוי איז מיט פערד ווען מען פיהרט זיי ראפּטים ארויס פון דער פינס־טערניס צו די ליכטיגקייט...

— מען ראט נעדארף האלטען מיט איהם ביז אבענד...

— און ווער וואלט געהאט צייט צו ווארטען ביז אבענד.

אין דער זעלבער מינוט איז דער גרויער געפאלן אויף די פארדערשטע פיס און האט פאר ווייטונג אנגעהויבען בייסען די ערד...

— ניטא קיין עצה. מען דארף דערשיסען...

א קאלטע זאך האט אנגערירט דעם פערדס אויער...

עס האט זיך געהערט א טראסק און דער גרויער איז אנידער געפאלן אויף די ערד. פון אנהייב האט ער געווארפען די פיס און שפּעטער איז ער פליצים שטיל געווארען און האט זיך אויסגעגלייכט...

דא האט זיך בעוויזען דער אלטער פערהויקערטער בערג־ארבייטער. אנשטאט א געוועהנליך ארבייטס העמדעל האט ער אויף זיך געטראגען א לאנגע פערלא־טערטע קאפּאטע, א שטעקען אין דער האנד און א טארבע אויף דער זייט. ער האט זיך אראב געבויגען צום פערד ווי ער וואלט געוואלט זעהען צו עס איז שוין געפיינערט און האט געזאגט.

— דו זעהסט אלטער צו וואס מיר זענען געקומען?... אבער דאך איז דעם מענשען שטענדיג בעסער: מען בעקומט כאטש ניט קיין קויל אין קאפּ אריין...

דאס פנים האט זיך איהם פערקרימט מיט א ביטער געלעכטער.

אויס פוילישען איבערזעצט נ. קאקעט.



## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm.** Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy. (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.
***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.
***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem Cena 2 korony.
**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa. Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka. — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.
***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.
***Mankowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.
***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o kwestyi polskiej.) Cena 2 korony.
***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dyksztajn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.
**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.
**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.
**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.
***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej. — Dodatki). Cena 3 korony.
***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.
**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.
***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.
***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm Cena 2 koron 60 hal.
***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I. 1905. Cena 1 korona.
**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.
***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.
**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.
**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodnie Europie i Ameryce.







Wydawca odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie.